


ארקאַדי ליובטשענקאָ

# דער דרייסטער אויסשפּיר

ייִדיש — ד. האָפשטיין






מעלוכע-פארלאג
פאר די נאציאָנאַלע מינדערהייטן אין אוססר
קיעוו — 1938

צואָוונט צו איז אינ דאָרפ אריַינגעפּאָרנ אנ אָטריאד רויטע פּארטיזאנער. דאָס האָט זיכ אָפּגעטאָנ שטיל, אומבאמערקט. די פּארטיזאנער האָבנ ניט געוואָלט צוציִענ צו זיכ קיינ באזונ־דערע אופמערקזאמקייט. זיי זייַנענ געווענ מיד פונ דעמ פארביטערטנ צוזאמענשטויס, וואָס זיי האָבנ ניט לאנג גע־האט מיטנ סוינע. זיי האָבנ זיכ געגרייט אביסל אָפּרוענ. כוצ דעמ האָט זיי די לעצטע צייַט געפעלט פּאטראָנעס. פּארטאָג האָבנ זיי געמוזט זיכ לאָזנ ווייַטער, קעדיי אינ עט־לעכע טעג ארומ זיכ פּארייניקנ מיט דער רעגולערער אר־מיי. דעמלט וועלנ זיי האָבנ פּאטראָנעס, וועלנ האָבנ אלצ אונ וועלנ צוזאמענ מאכנ אנ אנטשיידענעמ אָנגריפּ אפ די פּעטליוראָווצעס.

— שוינ ניט איינמאָל האָבנ מיר געשלאָגנ די פּעטליור־ ראָווצעס, די דאָזיקע אוקראַיִנישע פּריצימ אונ באַלעגופימ. שוינ ניט איינ באַנדע האָבנ מיר צעגראָמירט, — האָט געזאָגט דער קאָמאַנדיר פונעמ פּאַרטיזאַנישנ אָטריאַד. — איצט דאַרפנ מיר פּאָריכטיק זיכ איבערוקנ, מע דאַרפ איינהיטנ די קויכעס, קעדיי דערנאָכ, ווענ מיר וועלנ זיכ פאַרייניקנ מיט דער רעגולערער טייל, זאָל אונדזער קלאַפּ זיינ שטאַרקער.

דאָס קומענ פונ די פּאַרטיזאַנער האָט ניט שטאַרק פאַר־ כידעשט די דאָרפסלייט. פונזינט עס האָט זיכ אָנגעהויבנ דער בירגערקריג, איז דאָ פאַרבייגעגאַנגענ ניט ווינציק כיי־ על. דאָס דאָרפ האָט זיכ צוגעוווינט, אָבער אַלעמאָל האָט זיכ דאָס דאָרפ שטאַרק אינטערעסירט, וואָס פאַר א כייעל איז אַראָפּגעקומענ — די רויטע, צי די ווייסע. די באַלעגופימ האָבנ זיכ געפרייט, ווענ ס'פלעגנ קומענ די ווייסע, אונ פלעגנ זיי העלפנ מיט אַלץ. ווענ ס'פלעגנ אָבער אַראָפּקו־ מענ די רויטע, איז דאָס געווענ א גרויסע פרייד פאַר די אָרעמ־פויערימ, אונ זיי פלעגנ אָפט אַליינ זיכ געבנ נעמענ פאַר געווער אונ פאַרפולנ די רייענ פונ די רויטע שלאַכט־ לייט.

ווי נאָר די אַרמייער האָבנ זיכ אָנגעהויבנ איינאָרדענענ, איז אָנגעקומענ אַנ אומרויִקע יעדיִע: אינ שכיינעסדיקנ דאָרפ, א קילאָמעטער צוואַנציק פונדאַנענ, איז אויכ אָנגע־ קומענ עפּעס א מיליטער־אָטריאַד. וואָס דאָס איז פאַר א מיליטער — איז ניט באַוווּסט. מע האָט אָבער באַדאַרפט גלייכ

וועגנ דעמ זיכ דערוויסנ. מע האָט באדארפט אויס־
קלאָרנ די צאָל, דעמ באשטאנד אונ די ריכטונג.

דעמלט איז צומ קאָמאנדיר צוגעלאָפנ דער יונגער, שווארצינקער, לעבעדיקער פּארטיזאנ וואסקאָ שוב.

— שיקט מיכ אינ אויסשפּיר, — האָט וואסקאָ שוב געבעטנ, — איכ בינ אליינ פונ יענעמ דאָרף. איכ בינ שוינ דאָרט לאנג ניט געווענ. אָבער איכ ווייס אלע וועגנ אונ גענג.

— גוט, — האָט איינגעשטימט דער קאָמאנדיר. — נעמ מיט זיכ נאָכ צוויי יאטנ, אונ ניט געזאמט זיכ.

די אויסשפּירער זײַנענ ארופ אפ די פערד, אונ באלד האָבנ זיי זיכ שוינ געיאָגט איבערנ סטעפּ.

דער אָוונט איז געוואָרנ וואָס אמאָל טונקעלער. דאָס איז זייער גוט. אינדערפינצטער האָבנ זיכ די אויסשפּירער גע־קענט אומבאמערקט אונ נאָענט אונטערגאנוועננ. אָבער פאָרנ מיטנ געוויינלעכנ שליאכ האָט פאר זיי שוינ ניט געטויגט. דאָ האָט מענ זיי דאָכ געקענט דערזענ.

— מער פאָרזיכטיקייט, — האָט וואסקאָ געוואָרנט זײַנע כא־ווערימ אונ האָט פארגעלייגט נעמענ זיכ לינקס אינ א זײַט, גלייכ אינ קאָרנ ארײַנ.

נאָכ דעמ קאָרנ האָט זיכ אָנגעהויבנ א יאר. דאָס איז געווענ אפילע א ווײַטערער וועג, דערפאר אָבער א מער זי־כערער. וואסקאָ האָט גערעכנט מיטנ יאר זיכ דערנענטערנ צומ וועלדל, אונ דערנאָכ אונטערנ שוץ פונ וועלדל צוקו־מענ צו די דאָרפישע סעדער אונ גערטנער, אונ דעמלט

שוין מיט די גערטנער און ריוועס צוקריכן ביז צו זיין הויף. דאָרט איז — דער פאָטער זיינער, דער יונגער ברו־דער. די גאַנצע פאַמיליע זיינע אָרעמ־פויערים, אַלע פילן זיי מיט די רויטע. ווען וואַסקאָ, הייסט עס, האָבן די ער־שטע עמעסע, ריכטיקע יעדיעס.

ס'איז שוין געווען גוט פינצטער, ווען דאָס וועלדל האָט זיך געענדיקט. די אויסשפּירער האָבן זיך אָפּגעשטעלט, צו־געבונדן די פערד אין דער געדיכטעניש און איבערגעלאָזט לעבן זיי איין כאַוער. וואַסקאָ מיטן צווייטן האָבן זיך גע־לאָזט צום דאָרף צו.

אין דאָרף האָבן געבילט דערשראָקענע הינט. ס'האָבן געהירזשעט און געטופּעט פערד. ס'האָט זיך געהערט אַ טומל, געשרייען. אומרויִק איז געווען אין דאָרף.

די אויסשפּירער האָבן געהאַלטן גרייט די ביקסן. פאַר־זיכטיק ארומקוקנדיק זיך, אויפמערקזאַם צוהערנדיק זיך, האָבן זיי זיך פּלינק אריבערגעכאַפּט פון איין קוסטש צום צווייטן. זיי האָבן זיך אַלעמאָל צוגעזוצט, זיך איינגעבויגן, און שטילערהייט, ווי קאַם באַמערקבאַרע שאָטנס, זיינען זיי צוגעקומען אַלץ נעענטער.

אָט איז שוין דער קליינער הויף וואַסקאָס. דער כאַווער האָט זיך באַהאַלטן אין ויווטשיק. און וואַסקאָ האָט זיך שוין ווייטער געלאָזט אַליין — לייכט, בייגעוודיק האָט ער אוועקגעפּויזעט מיט דעם קאַרטאָפל־פעלד.

וואָס נעענטער ער איז צוגעקראָכן צו זיין הויף, האָט ער

זיכ אַלצ מער איבערצײַגט, אַז אינ הויפּ קומט פּאָר עפּעס
א טומל, א גערודער. ער האָט זיכ פאַרווּנדערט, איז אומ-
רויִק געוואָרנ. ער האָט אָנגעהויבנ קריכנ גיכער. אָט איז
ער שוינ פאַרבײַגעקראָכנ דער שטאַל, ארײַנ אינ הויכנ בור-
יאַנ. אונ פונ דעמ בוריאַנ האָט ער געטראָפנ אינ דער געדי-
כטער דערעזא, וואָס איז געוואקסנ נאָענט צו דער שטוב.
ער האָט פאָרזיכטיק פאַנאַנדערגענומענ די געדיכטע קוש-
טשעס אונ דערזענ: אפנ הויפ זײַנענ געשטאנענ עטלעכע אָנ-
געזאָטלטע פערד. א באוואָפנטער מענטש האָט זיי געהאלטנ
פאר די צײמלעכ. אָבער צו וואָס פאר א כײַעל דער דאָזי-
קער מענטש האָט געהערט, האָט ער אינ דער פינצטערניש
ניט געקענט גוט פאַנאַנדערקלײַבנ: אפנ היטל האָט זיכ בא
אימ אזויווי געבאָמבלט עפּעס ענלעכס אפ א הײַדא-
מאקישנ שליק, אונ עפּשער דוכט זיכ עס אימ נאָר
אויס.

מיטאמאָל האָט זיכ אינ שטוב אופגעהויבנ א גוואלד. מע
האָט עמעצנ געשלאָגנ, עמעצער האָט געשריגנ. א באקאנ-
טע שטימ. דאָס איז געוועזנ די שטימ פונ וואסקאָס פאָטער.
וואסקאָנ האָט דורכגענומענ א ווייטעק, גלײַכ ווי מע וואָלט
אימ אלײנ געשלאָגנ. ער איז שוינ געוועזנ זיכער, אז דאָס
זײַנענ פּעטליוראָוועצעס. ער האָט זיכ אזש א ריס געטאָנ, צו-
נויפדריקנדיק די ביקס.

פונקט אינ דער זעלבער מינוט האָט זיכ די טיר ברייט
צעעפנט, עמעצנס א שטיוול האָט גראָב א שטויס געטאָנ

זײַן פֿאָטער אין רוקן, און דער פֿאָטער האָט זיך א קויקל געטאָן איבער דער שוועל.

— סאַמע באָלשעוויסטישער, — האָט הייזעריק און בייז איבער אים א געשריי געטאָן א פּעטליוראָוועץ, ארויסשפּרינגענדיק אפ דער שוועל. — וועסט זאָגן, ווו דײַן זון איז?

— כ׳ווייס ניט, — האָט ארויסגעקרעכצט דער פֿאָטער.

ס׳איז ארויסגעלאָפן די מוטער, האָט אָנגעהויבן בעטן, אָבער א צווייטער באנדיט האָט זי אזא שטופּ געטאָן, אז זי האָט באָר באוויזן איין מאָל אן אויקע טאָן, איז אנידערגעפאלן און אנשוויגן געוואָרן מיטאמאָל.

— ווייסט, הייסט עס, נישט, אז דײַן זון איז אוועק צו די רויטע? — האָט דער פּעטליוראָוועץ ווײַטער געפרעגט. — האָסט מיט אים קיין שום פארבינדונג ניט? אָט באלד גלייבן מיר דיר. זאָג מיר באלד, ווו איז דער זון דײַנער? ווו שטייען די רויטע?

— כ׳ווייס ניט.

— און ווו איז דער צווײטער זון, דער ייִנגערער? ער איז אויך אוועק צו די רויטע? — האָט געכריפּעט די ווילדע שטים.

— כ׳ווייס ניט, — האָט געכאָזערט דער פֿאָטער אקשאָנעסדיק.

וואָסקאָן איז זייער געפעלן דעם פֿאָטערס מוטיקייט, זײַן אויסגעהאלטנקייט, און אין דער זעלבער צײַט האָט ער געציטערט פון אופגערעגטקייט. ער איז פול געווען מיט צאָרן



עמעצנס א שטיוול האָט גראָב א שמיס געטאָן זיין פאָטער אין רוקן.

אפ די מערדערס. ער האָט שוינ פונ זיינ באהעלטעניש אָנגעצילט די ביקס. אָט־אָט, אונ א קויל איז שוינ געווענ גרייט א פלי טאָנ דעמ פעטליוראָוועצ אינ קאָפ אריינ. אָבער איצט האָט ער קיינ רעכט ניט צו שיסנ. ער וואָלט זיכ גלייכ אויסגעגעבנ, אונ דאנ וואָלט ער ניט אויסגעפירט די מיליטערישע אופגאבע, וואָס עס האָט אימ געגעבנ דער קאָמאנדיר. וואָס טוט מענ? די האָפענונגענ זיינע צו דערוויסנ זיכ אלצ דורכנ פאָטער, דורכנ ברודער זיינענ אנטרונענ. די צייט גייט, מע דארפ זיכ איילנ. מע דארפ צוטראכטנ עפעס מיטלענ.

ער איז גיכ אוועקגעקראָכנ צוריק אינ ריוו צומ כאווער. שטילינקערהייט האָבנ זיי זיכ געייצעט. זיי האָבנ באשלאָסנ, אז די נאכט־פינצטערניש אונ דער גאנצער טומל וועט זיי קומענ צו הילפ: זיי קענענ אומבאמערקט אריינפויזענ אינ דאָרפ אריינ. אונ וואָס זיי האָבנ ניט קיינ שליקעס אפ די היטלענ, האָט וואסקאָ געזענ, אז ניט אלע פעטליוראָווצעס האָבנ די דאָזיקע שליקעס. אזוי, אז צווישנ די איבעריקע באוואָפנטע לייט וועלנ זיי קיינ כשאד ניט ארויסרופנ. ווער וועט עס דאָרט נעמענ טראכטנ, אז דאָ גייענ צוויי רויטע פארטיזאנער? ווער וועט גלייבנ אזוינס? אונ דעמלט וועלנ זיי שוינ וועגנ אלצ, וואָס זיי דארפנ, קענענ גענוי זיכ דערוויסנ.

דער באשלוס איז געוועזנ זייער א דרייסטער. אָבער די רויטע פארטיזאנער זיינענ ניט געוווינט געוועזנ מוירע צו

האָבנ. אײַנגעבויגענע, שטילערהייט האָבנ זיי זיכ א נעמ גע־טאָנ אָנ א זײַט פונעמ הויפ. זיי האָבנ גערעכנט מיט דער דערעזאָנ זיכ ארויסכאפּנ אפ דער גאס.

זיי זײַנענ געווענ שוינ ניט ווײַט פונ שטאל, ווענ אינ הויפ האָט זיכ דערהערט די שטימ פונ יענעמ זעלבנ פעטליוראָוועצ:

— נעסט באָלשעוויסטישע! פארברענענ די נעסט.

דער פעטליוראָוועצ איז, ווײַזט אויס, געווענ א נאטשאלניק. ער האָט באפוילנ:

— ביידע אלטע פירט אינ שטאב ארײַנ. די שטוב אונטערצינדנ. ברענגט מיר קעראָסינ. די שטאל אויכ פארברענענ.

אונ ער איז צוגעגאנגענ נאָענט צו דער שטאל, אָנגעהויבנ זי ארומגיינ, געטראכט, פונ וואָסער זײַט וועט באקוועמער זײַנ אונטערצולייגנ דאָס פײַער. ער האָט זיכ אָפּגעטיילט פונ ווײַניקע, אונ אָט שטייט ער גאָר נאָענט לעבנ די פארטיזאנער. די יאטנ האָבנ זיכ אוש צוגעזעצט פונ אומגעריכטקייט. וואסקאָ האָט א טאָרקע געטאָנ מיטנ עלנבויגנ דעמ כאווער. זיי האָבנ פארשטאנענ איינער דעמ צווייטנ אָנ ווערטער. קיינ מער פאסיקער מאָמענט קאָנ ניט פאָרקומענ. אונ מיטאמאָל, ווי קעצ, האָבנ זיי שטיל אונ פלינק א שפרונג געטאָנ. מיט א ביצ־שנעלנ קלאפ אינ קאָפּ האָט וואסקאָ פריטשמעליעט דעמ פעטליוראָוועצ, אימ פארמאכט דאָס מויל. אינ דער זעלבער צײַט האָט דער כאווער אימ



...און אָט שטייט ער גאָר נאָענט לעבן די פּאַרטיזאַנער.

אומגעוואָרפנ אונ ארויסגעכאפט בא אים דאָס געווער. באלד־
טאקע, קיינ מינוט ניט פארלירנדיק, האָבנ זיי אים פאר־
שטופט דאָס מויל מיט א טיכל, געבונדנ די הענט מיט א
רימענדל, אונ, אויסנוצנדיק די פינצטערניש אונ דעמ ראש
אפנ הויפ, האָבנ זיי אים אוועקגעשלעפט מיטנ גאָרטנ.

ווער ווייסט, ווי גיכ זייניקע האָבנ זיכ א כאפ געטאָנ. דערפאר האָבנ די אויסשפירער שנעל אונ אָנ שומ שטע־רונגענ אימ צוגעשלעפט ביזנ וועלדל, ווו אינ די קושטשעס האָבנ געווארט די פערד. דער באנדיט איז געקומענ צו זיכ. וואסקאָ האָט אימ שנעל אפנ פערד ארופגעוואָרפנ, אונ אלע דריי האָבנ זיכ מיטנ באקאנטנ וועג א לאָז געטאָנ צו זייער אָטריאד.

ווענ זיי זייַנענ ארויסגעפאָרנ אפנ בערגל, האָט הינטער זיי א פלאמ געטאָנ דער הימל.

— דיינ שטוב ברענט, — האָבנ די כאווייריִמ, אופגערעג־טע, א זאָג געטאָנ צו וואסקאָנ.

— נישקאָשע, — האָט וואסקאָ געענטפערט. — איצט האָבנ מיר א וויכטיקערנ איינעמ. הײַדא, גיכער, עס ווארט אפ אונדז דער קאָמאנדיר.

דער קאָמאנדיר האָט, ווירקלעכ, טאקע געווארט מיט אומגעדולד. ס'איז שוינ אוועק א היפש שטיקל צייט, אונ ער האָט מוירע געהאט, טאָמער זייַנענ זיינע אויסשפירער ארייַנ אינ פייַנטלעכע הענט. אונ ווי דערפרייט האָט ער זיכ, ווענ די יאטנ האָבנ זיכ אומגעקערט געזונט אונ שטארק

און נאָך געבראַכט אים דערצו אַ געפאַנגענעם פעטליורישן נאַטשאַלניק.

— איך דאַנק אײַך, כאַווײרים, איך דאַנק אײַך ווײַטער אין נאָמען פון אַלע פּאַרטיזאַנער.

וואַסקאָ האָט אַפּגיך דערציילט, וויאַזוי זיי האָבן דערטאַפּט דעם פּעטליוראָווער, דערציילט וועגן זײַן פאָטער, וועגן דער שטוב.

— באַשטראָפן די מערדערס, שוין פאַרניכטן די באַנדע! — האָבן די אופגעבראַכטע פּאַרטיזאַנער געשריגן.

— וואַרט! וואַרט! פריִער דאַרף מען אַלץ גוט באַקלערן! — האָט דער קאָמאַנדיר געוואָרנט און גענומען אויספרעגן דעם פּעטליוראָווער.

יענער האָט נאָך ביז איצט ניט געקענט פאַרשטיין, וויאַזוי האָט ער זיך עס אַזוי פּלוצעם אַרײַנגעפאַקט. ער האָט זיך ווילד אַרומגעקוקט, געפּרוּווט כיטרעווען, זיך אויסדרייען אָדער שווײַגן. אָבער מע האָט אים אַנטשיידן אַ דראָ געטאָן. דער באַנדיט האָט פאַרשטאַנען, אַז עס האַלט שלעכט, און ער האָט באַשטימט זײַן אָפּנהערציק.

— כ'וועל אײַך זאָגן דעם עמעס, אונדזער אָטריאַד איז ניט קיין גרויסער, — האָט ער זיך מודה געווען. — אָט קאָנטראָלירט עס דורך, און אויב איך האָב געזאָגט אַ ליגן, זאָל איך באַקומען דעם טויט.

— און פּאַטראָנעס האָט איר?



וואַסקאַ האָט אים שנעל אפן פערד אַרופגעוואָרפן...

— יאָ, פאטראָנעס אסאכ. פונקט די טעג האָבנ מיר באקומענ א גרויסע פארטיע פאטראָנעס.

מע וואָלט אים, פארשטייט זיכ, גלייכ ניט געגלייבט, ווענ מע וואָלט ניט געפונענ בא אימ אייניקע פאפירלעכ, וואָס האָבנ איידעס געזאָגט, אז זיינע ווערטער זיינענ ריכטיק. פאוואָלינקע האָט ער ביז איינצלהייטנ דערציילט, ווי סאמע עס האָט זיכ אָפּגעשטעלט זייער שטאב, ווי עס איז פאנאנדערגעשטעלט די טייל, ווו עס שטייענ די געווערסקלאדנ.

— כאווירימ! — האָט ענדלעכ געמאָלדנ דער קאָמאנדיר. — מיר האָבנ ניט גערעכנט, אז ס'זאָל אונדז היינט נאָכ אויסקומענ צוגייענ אינ שלאכט. אָבער ס'איז אזא זאכ, וואָס מע טאָר זי ניט ארויסלאָזנ פונ די הענט. פאטראָנעס דארפנ מיר איצט זייער האָבנ. מיר מוזנ די פאטראָנעס פארכאפנ. באלד אפ די פערד!

אינ עטלעכע מינוט ארומ זיינענ די רויטע פארטיזאנער אינ א מיליטערישער אָרדענונג ארויס אינ פינצטערנ סטעפ.

זיי האָבנ אָנגעגריפנ שטיל, גאנוענענדיק זיכ, אז דער פיינט זאָל ניט אופהייבנ צו פרי קיינ ל'ארעמ. אפנ וועג האָבנ זיי פארכאפט דעמ סוינעס אנ אויסשפיר, וועלכער האָט פולקומ באשטעטיקט דאָס, וואָס ס'האָט געזאָגט דער געפאנגענער נאטשאלניק. אומבאמערקט האָבנ זיי פונ אלע זייטנ ארומגערינגלט דאָס שכיינעסדיקע דאָרפ, קעדיי א

קלאפּ טאָג שטארק אונ מיטאמאָל. זיי האָבנ נאָר געווארט אפ דער לעצטער קאָמאנדע.

— פּאַק! פּאַק! — האָט דריי מאָל א קלונג געטאָנ דעמ קאָמאנדירס שאָס, אונ אלע, ווי איינער, האָבנ זיכ א לאָז געטאָנ אינ דאָרפ אריינ, זיכ א יאָג געטאָנ, ווי א ווינט, ווי א וויכער...

א גרויסע אומדערווארטקייט איז דאָס געווענ פאר די פּעטליוראָווצעס. א גרויסער שרעק האָט ארומגעכאפּט דעמ סוינע. ער האָט זיכ געפּרוווט קעגנשטעלנ, אָבער די פּאניק האָט צעשטערט זיינע רייענ.

ענדלעכ, האָבנ די פּעטליוראָווצעס געמאכט פּלייטע. עס האָט אָבער ווייניק וועמענ אָפּגעגליקט צו אנטלויפנ. דעמ גרעסטנ טייל זייערנ האָבנ די פּארטיזאנער גענומענ לעבע-דיקערהייט. אסאכ זיינענ געפאלנ פונ די פּארטיזאנישע קוילנ אונ שווערדנ. אונ די פּאטראָנעס, וואָס האָבנ זיי אזוי שטארק געפעלט, אסאכ, אסאכ פּאטראָנעס, האָבנ די פּארטיזאנער פארכאפּט.

אינ דער שטוב, ווו ס'האָט זיכ געפונענ דער באנדיטי-שער שטאב, האָט וואסקאָ געפונענ זיינע עלטערנ.

א פריילעכע, גליקלעכע מינוט!

— וואסיע, טייערער! — האָבנ זיי ניט געגלייבט, אויס-שטרעקנדיק צו אימ ציטערנדיקע הענט.

— איכ ווייס אלצ, — האָט וואסקאָ געזאָגט אונ זיי דער-קלערט, פונוואנענ אונ ווי ארומ ער האָט זיכ וועגנ אלצ

דערוווּסט. — איז מײַן ברודער אויך אוועק צו די רויטע?

— יאָ, יאָ, אוועק, אָט דאָ ערשט ניט לאַנג. אָבער וואָס זאָלן מיר איצט טאָן, וואַסיע? די זינ זײַנען אוועק, קיין שטוב איז ניטאָ...

— דײַגעט ניט... א שטוב איז א נאַרישקײַט, — האָט זיי וואַסקאָ באַרויִקט. — אָט לאָמיר זיך אײַנפּאָרען מיט די פּאַ־נעס, מיט די פּידפּאַנקעס, מיט אַלע סאָנים, וועלן מיר אײַך דערנאָך אויסבויען א נײַע שיינע שטוב.

— אײַערע זינ זײַנען געגאַנגען זיך שלאָגן פאַר דער רעוואָליוציע, פאַר דער פּראָלעטאַרישער רעוואָליוציע. דאָס איז א גרויסער קאָוועד! — האָט צוגעגעבן דער קאָמאַנדיר. — און אויב אײַער לאַגע איז טאַקע א שווערע, און אויב איר ווילט, קומט איר אויך מיט אונדז. איר, פּעטער, וועט זײַן באַם אָבאָז, און איר, מומע, וועט וואַשן וועש פאַר די מי־ליטער־לײַט, קאָכן עסן. ארבעט וועט זיך פאַר יעדערן גע־פינען.

— איך וועל אַלץ טאָן, אבי אײַך מיטהעלפן, — איז גערן אײַנגעגאַנגען די מוטער.

— אבי אײַך מיטהעלפן, בין איך אפ אלץ גרייט! — האָט אונטערגעכאַפּט דער פאָטער.

ניט ווײַניק אָרעם־פּויערים פון ביידע דערפער האָבן זיך פאַרײַניקט צו זיי. און קאַיאָר האָט דער אָטריאַד רויטע פּאַרטיזאַנער זיך אוועקגעלאָזט ווײַטער.

רעדאקטאָר — ב. סטעפאנסקי.
טעכנישער רעדאקטאָר — א. רעזניטשענקאָ
קאָרעקטאָר — אי. שטולמאנ.
פאפיר 62×94 — 1/32 — 60 קג. 1 1/2
דרוק־בויגנ. אינ 1 פאפיר־בויגנ 120 000
צייכנס. טיראזש 2 350 עקז. 9־טע פאָ־
ליגראפ. פאבריק גופקפ. קיעוו, רויטער
פלאצ 2a. באשט. נומ. 109. פארלאג־נ.
5־ע. באפולמ. פונ הויפטליט № 7836.
אָפגעגעבנ אינ זאצ 1937 — 15/I.
אונטערגעשריבנ צומ דרוק 1938 — 9/II.